פרץ מארקיש

# אַנשל דער זאַליאַזניק

פאעמע

אַרויסגעגעבן דורך די „ליטעראַרישע בלעטער"

וואַרשע 1935

# אנשל דער זאַליאַזניק

## 1

אַן אוראַלטער איז ער — דער אומעט אויפֿן סטעפּ,
ווי מוטנער וויין איז אויפֿן סטעפּ דער אומעט,
ער גיט אַ טשמעל אַזאַ איבער די קעפּ
און לייגט צופֿוסנס זיך אַוועק — אַ שטומער.

און ס'טריקנט דעם אומעט ליגנדיק דער סטעפּ
פֿון איבערקערטן הימל, פֿון אַרומען;
אַ יעדער פֿור פֿאַרציט ער און פֿאַרוועבט,
אַ יעדעס שטיבל טראָגט ער, ווי אַ קלומעק.

אָט איז דער וועג, צום הימל גייט ער אויף,
און אויפֿן וועג — אַ בוים — מיט צווייגן אָנגעבויגן;
און ס'פֿאָרט אַ ייד אויף ערד — אַ ייד אַ בעל-גוף,
מיט פֿערד און פּי און מיט פֿאַרמאַכטע אויגן.

וואָס זעט זיך אָן ביים סטעפּ דער שניט פֿון אַ פּאָר אָקסן?
וואָס זעט זיך אָן ביים ווינט דער לויף פֿון אַ פּאָר פֿערד?
נו, פֿאָרט אַ ייד — אַ דעמב מיט זשאָלודיעס באַוואָקסן,
נו, פֿאָרט אַ ייד אין סטעפּ באַזעצן זיך אויף ערד!

עס לויפֿט אים נאָך אַ מאַרק, עס לויפֿט אים נאָך אַ היים,
עס לויפֿט אים נאָך אַ נאָמען — אַנשל דער זאַליאַזניק,
וואָס זעט זיך אָן נ'אַ וואַלד פֿאַרפֿלאַנצן נאָך אַ בוים,
ווי אויסהאַקן אַ בוים, און אויסוואָרצלען אינגאַנצן?

נאָר אַנשל פאָרט און טראַכט, און ווינטן יאָגן אָן אים,
און ס'דוכט זיך — אויפן לייב פאַרשניידט זיך אים אַ ראָד;
עס לויפט אים נאָך אַ קלייט — זיין אייזערנע אַלמנה,
אַן איינזאַם־און־פאַרלאָזענע — אויף קיינעמס נישט באַראָט —

וואָהין זאָל זי מיט טירן מיט פאַרקלאַפּטע זיך אַ ריס טאָן?
עס סקריפּעט און סע קריצט פון איר מיט זשאַווערדיקער קלאַג,—
זי מאָרדעוועט מיט הענגענדיקע שלעסער, ווי מיט בריסטן,
און שלאָגט איבערן קאָפּ דאָרטן אַליין זיך מיט דער לאָד:

זי וועט זיך נישט שוין אויסטוצן אויף זונטיקס און יאַריִדן,
און ווינקען צו די פויערן וועט זי שוין קיינמאָל מער;
און אין אַן אַלטן פעלץ, אין אָנגערוקטן היטל
דערדינגט זיך מיט די ווינטן ערגעץ אַנשל אויף דער ערד.

ס'פאַרלויפט אים אויפן וועג דאָרט נאָכעט אַן אַלמנה,
מיט לייבן און מיט לעמפּערטן — די קלויז — אונטער דער ראָד.
ס'וועט אַנשל ביי דער ערד און ביי די ווינטן מאָנען,
ס'וועט אַנשל אויפן סטעפּ זיך פּאָזעווען מיט גאָט.

און עס האָט דער סטעפּ פאַר אַנשלען זיך צעכראַסטעט,
דער אומעט האָט זיך אַנשלען וואָיענדיק דערקלערט:
— נו, אָט האָסטו, אַנשל, אַ סאָוועטסקע זאַסטעפּ,
— נו, אָט האָסטו, אַנשל, לעבעדיקע ערד!

— וואָס זאָגסטו עפּעס, ברידערל,
— וואָס זאָגסטו עפּעס, סטעפּ —
איז ווילסטו, ברודער — בידעווע,
איז ווילסטו, ברודער — לעב!

2

דער דרויסן שמעקט מיט זיסן וועלק,
דער דרויסן שמעקט מיט אָפּגעשניטענס,
אָט איז זי, אָט די זיסע וועלט,
און קערסט איר אָן און קערסט איר נישט אָן...

ס׳איז זיסער האַרבסט אין סאַמע אָנהייב,
די היץ איז אָפּגעפּאַלן פון דער גאַס,
די דעכער באָדן זיך אין ברוינעם האָניק,
און ס׳קייקלט זיך דער טאָג, ווי ס׳קייקלט זיך אַ פּאַס:

— זאָל ווער סע וויל זיך צוגיין איצט צו אים,
— זאָל ווער סע וויל דערגרונטעווען זיין גרונט,
— און פון דער ערד און ביז צום הימל,
— זאָל ווער סע וויל זיך אָפּטרינקען זיין טרונק!

נאָר אַנשל דעם זאַליאַזניק ווילט זיך אין אַ פענסטער ערגעצווו
אַריינשטעקן דעם פּנים,
נאָר אַנשל דעם זאַליאַזניק ווילט זיך ערגעץ גיין
און ערגעץ זיין אַ גאַסט...

ער וואָלט אַזוי געגאַנגען ווייט און ווייטער,
ער וואָלט אַזוי געגאַן אַליין —
ביז אָנגעקומען וואָלט ער צו אַ זיסן פרייטיק,
ווי צו זיך אַהיים...

אָט איז די היים,
אָט איז דער מאַרק,
און צווישן צווי פאַרבראָכענע געוועלבטע רייען

שטייט דאָרט זיין זאַליאָזנע קראָם
פאַרמאַכט,
פאַרקלאַפּט,
פאַרדרייט
מיט שטיקער דראָט,
גלייך ווי מיט זשאַווערדיקע קרייטער. —

זי קוקט אויף אים די קראָם
דורך יאָרן און דורך ראַנדן,
אָט קומט מען צו אים אָן,
אָט פירט מען פאַר דער האַנט אים
דורך טעג, ווי הינער איינגעשלאָפענע אויף דער נאסידע,
ער בלעטערט זיי און בלאָזט און מינטערט,
ווי זייטלעך אויסגעדאַווּנטע ביי זיך אין סידור,
נאָר אַלץ פאַרמעקט איז שוין, נאָר אַלץ איז טויט דאָרט:
— איז וווּ-זשע זענען זיי, די פעטע זונטיקס?
— די ביר-באַשמעקטע קוטעסן די רויטע?
ער וואָלט אים מיט די הענט געטאַפּט
דעם צוגעברוינטן פרייטיק,
ווי טאַפּן פלעגט ער אין אַ גליקלעכן יאַריד
דעם אָנגעשמעלצטן טייסטער...
נאָר עפּעס נאָיעט אים, נאָר עפּעס בריט,
און מיט דער באָרד דער האַרבסטיקער דעם האַס פאַרבייסט ער:

— אַז וואָס, זאָגט ער, איצט טאָן שוין קאָן איך,
אַז ס'האָבן די סאָוועטן מיך געמאַכט דאָ פאַר אַ קאָניוך!...
אַז מ'האָט מיר אין די הענט אַריינגערוקט אַ גראַבליע,
און איך זאָל רוימען דעם נאַוואָז פאַר עולם-הבא!
איך האָב דען עפּעס קעגן פערד, חלילה?
ס'אַ גוטע זאַך! סע גוט צו האָבן אויף אַ מייל עס, —
נאָר אַז עס ווערט געליגן אַ קאָבילע,
דאַרף אַנשל שטיין אין שטאַל און זאָגן פאַר דער קימפעטאָרין שיר-המעלות!

— איז וואָס, זאָגט ער, איצט טאָן שוין קאָן איך,
אַז ס'האָבן די סאָוועטן מיך געמאַכט דאָ פאַר אַ קאָניוך;

...זי קוקט אויף אים, די קראָם,
דורך יאָרן און דורך ראַנדן, —
אָט קומט מען צו אים אָן
און מען דערמאָנט אים:

אַ יעדן טאָג, ווען אַנשל האָט די קלייט געעפנט
און אויסגעשטעלט פון פאָרנט דעם זאַליאַז,
און ס'האָט אַ קרעכץ געטאָן די זשאַווערדיקע שפּע,
און ס'האָט די זון אויף דעם געטאָן אַ בליאַסק, —
האָט דעמאָלט ער אַליין געהאַט דעם אויסזען
פון אַזאַ אָנגעטאָנענעם שטיק זשאַווער,
וואָס דאַרף זיך אויך אַוועקלייגן אינדרויסן
און מיט די הענט זיך אין דער ערד פאַרגראָבן...
נאָר ער האָט זיך געדרייט אַרום דער קראָם דאָרט,
און אויף זיין בייזן ווונק
זענען פון קראָם, ווי פון אַ קאַטאַקאָמבע,
געקראָכן פּליטעס אָפּגעבּרענטע, אויוולעך און טשאַוון
און קליאַמקעס מעשענע פון אַלטע טויערס,
און שלייפשטיינער צעבראָכענע און מעסערס פּלערליי,
און פון דער קלייט,
ווי פון אַ קבר, האָבן ביינערדיק געלויערט
די קייטלעכדיקע וואָגשאָלן מיט זשאַווערדיקן אייטער,
ווי שאַרבנס מעשענע, פאַרוואַלגערט פון פאַרצייטן...

נאָר ער האָט אַלץ געמאָסטיעט און געדרייט:
פונדאַמענט — אַ קאַזאַן, פון דאָרטן — אַ פאָדקעווע,
געפוצט דאָרט, ווי אַ כלה האָט ער זי, די קלייט,
און אַלעמאָל איר אָנגעטאָן אַן אַנדער שטיקל זשאַווער,
און אַלץ האָט זיך אים דאָרטן נישט געפאָרט,

און אַלץ איז אים נישט אויסגעקומען גלייך, —
איז איבערגעשטעלט ווידער אויף אַן אַנדער אָרט
אַן אַנדער זאַך,
און דעמאָלט האָט ער אויפגעהאָנגען ערשט אַ שטייגל אויף דער ש·ר
פון שיינקייט וועגן — גלאַט,
ווייל קיינער האָט אין שטאָט זיך מיט קיין פייגל נישט געפירט,
ווייל קיינער האָט אין שטאָט קיין פייגל נישט געהאַט,
און קיינער האָט דאָס שטייגל נישט געפרוווט דאָרט מיט די הענט,
דעם פרייז אויף דעם נישט אויסגעפרעגט, — געוויס,
ווייל חוץ סאָראָקעס זענען דאָרט קיין פייגל נישט געווען,
און זיי האָבן ארומשפּאַצירט, ווי הינער אויפן מיסט!

איז אַנשל דאַן אַליין געשטאַנען ווי אַ קונה,
דעם בייזן בליק אין שטייגל דראָטענעם — פאַרהאַקט —
און עפּעס דאָרט געטראַכט,
און נישט גערעדט צו קיינעם,
און אַ צופרידענער — צו זיך — אַ זאָג געגעבן: טאַק!

נאָר איצט איז האַרבסט — אין סאַמע אָנהייב,
די היץ איז אָפּגעפאַלן פון דער גאַס,
די פויערן פירן ברויט מיט רויטע פאָנען,
ס'איז יעדע פור — אַ פאָן, און יעדע פאָן — אַ גאַסט...

עס גייען פורן אָנגעשטאָפּט מיט אויבסט,
מיט קאַווענעס מיט מעכטיקע, מיט גרויסע פּאָמידאָרן,
איז ווי-זשע האַלט זיך אַנשל איין אַזוי,
נישט צוגיין צו קיין פור און זי נישט טאָן קיין טאַפּ
און זיך נישט טאָן קיין פּאָרע,
דעם פרייז נישט אויספרעגן גענויער,
און נישט אַ זאָג טאָן: — טאַק!

אַז אַלע זענען זיי דאָך זיינע גוויים,
זיי זענען דאָך אַמאָל מיט אים געפאָרן,

זיי האָבן זיין זאַליאַז געפירט דאָך צענער־יאָרן אויף יאַרידן...
איז גייט ער אָפּ,
און ס׳גיט דאָס בלוט אין אים אַ בראָט,
און ס׳גיט דאָס בלוט אין אים אַ בראָיע,
און זאָגן זאָגט ער שטיל צו זיך אַליין נאָר,
אויסגעבויגן:
— וואָלט דער בלינדער וויינען,
ווען זען זאָל ער אויף זיינע אויגן!...

3

אָפּגעלאָפן זענען אים די יאָרן,
ווי רעגנוואַסער פון אַ רינשטאָק,
און גרויס געוואָרן איז אויף אים די באָרד,
ווי זי וואָלט אים אַראָפּ כּדומה פון דער מאָס,
דאָך האַלט ער זי בכּבוד אויף זיין איינציקער מאַנישקע,
ווי אויף אַן אַלטער אויסגעשטויבטער וואַזע,
און כאָוועט אויף איר דעם פּאַרדראָס,
און חשבונט אויף איר אָפּ צוריק דאָס מזל:
אַ האָר — אַהער,
אַ האָר — אַהין,
אַ האָר — אַרויס!
און אַלץ איז — ערד,
און אַלץ איז — ווינט,
און אַלץ איז — אויס!
אַ האָר — אַהער,
אַ האָר — אַהין,
אַ האָר — אַרויס!

און — אַלץ — גיט אַנשל דער זאַליאַזניק
בריפּענדיק דעם קאָפּ אַ נייג,
און — אַלץ — גיט ער אַ סמאָקע מיט די יאַסלעס

און אַ פּינטל מיט אַן אויג, —
האָב איך זיי צוגעלאָזט,
און צוגעפּסקנט:
— דעם שליסל און דעם שלאָס,
דעם שבת און די קלויז,
און אַנשל — אויס!
ס'וועט אַנשל, — האָט ער זיך די זאַך אַליין צעקייט דאָרט, —
די וועלט נישט איבערדרייען בעסער —
איז לאָז זיך עס אַזוי שוין קייקלען
ווייטער
אויפן מעסער —
נאָר דעם פּרייטיק, —
גיט ביי אַנשלען זיך די באָרד אַ טרייסל, —
קאָן איך זיי ביז איצטער נישט פאַרגעסן!
ער האָט אַמאָל די שוועל פון זיין זאַליאַזנער קראָם
מיט פאָדקאָוועס באַזעצט מיט הוילע,
אַז גיין זאָל אים די וועלט מיט גאָטס באַראָט,
אַז גיין דאָס מזל זאָל צו אים
אויף דער פאַראַדנער טיר,
און פאַלן זאָל צו אים די ראָסע
גלייך פון הימל —
און ס'מזל איז געגאַן אויף זיינע אייזערנע באַפּעלן
פון דערפלעך ווייטינקע,
פון כוטערלעך און פעלדער
נאָך שניידמעסערס,
נאָך צוועקעס
און נאָך קאָסעס...

דער שניט געלאָפן איז צו אים אין קראָם ביז סאַמע אָסיען,
און ער האָט אויפן שניט אַליין געוועלטיקט!
ס'אַ זומערדיקער מיטן-טאָג!
די דעכער ציען זיך פון היץ צו דער ערד,

ווי פּאַלנדיקע פון אַ זונשלאַג און פון אַסטמע —
ס'אַ ספּעקע! — גיט דאָרט אַנשל אַלעמאָל אַ יאָג
אַ פליג, און די מאַנישקע אַ צעכראַסטע —
— ס'אַ ספּעקע! — בלאָזט ער אָפּ זיך מיט געפּעך
און לייגט זיך צו די אויגן צו דעם שופלאַד, ווי אַ פּלאַסטער!
עס פרידעט זיך דער מאַרק דער גאַנצער ווי אַ פּאַס
אַן אויסגעליסקעטע פון העריגג,
ער יאַטערט זיך, דער מאַרק מיט ליאַג,
גלייך ווי מיט געלער שטינקענדער מאַטעריע —
פון ערגעץ ציען זיך פאַרחלשטע די גאַסן,
די ווייט אַנטלויפט, גלייך ווי פון געלן יאַטערדיקן פּעסט.
נאָר ס'קילט ביי אַנשלען זיך אין קלייט
אַ קוואָרט אַ קופּערנע מיט וואַסער,
ווי אין אַ שוואַרצער נעסט,
און אַלע ווײַלע שיקט ער נאָך אַ גלעזל זאָדע
און טרינקט זי אויס
נ'אַ האַלבן אויגנבליק
און שפּייט נאָך יעדער גלאָז
אַ פליג,
און מאָרדעוועט און האָדיעט:
— שוין אויסגעטרונקען זיבן גלעזער, האַ?
און איינמאָל נישט געטאָן קיין גרעבץ נאָך ווי מען דאַרף!

נאָר ס'איז קיין צייט נישטאָ,
ס'אַ פולע קראָם מיט פויערן, מיט היץ
פון ווייטן זומערדיקן טאָג,
די זון גיט אַלעמאָל אויף שניידמעסער אַ בליץ,
און אַנשל זיצט נישט איין, — סע טראָגט!
עס מישן זיך פּאַטשיילעס פאַרביקע מיט בערד,
מען קלינגט מיט פינגער האַרטע איבער שטאָל,
און אויף אַ האַלבן מאַרק דער ווייכער קלאַנג זיך הערט,
מען דינגט זיך און מען גלייכט זיך און מען צאָלט!

עס גיסט זיך גאָלד פון פעלד אין אַנשלס קראָם:
— ס׳איז אַנשלס פעלד! ס׳איז אַנשלס גאָט!
און נייע קונים גיבן זיך אַ שטראָם —
אָט וואַרפט ער דאָרט אַראָפּ פון זיך שוין די קאַפּאָטע
און גיט אין ווייסן אַרבל זיך אַ לאָז,
עס גיט די באָרד ביי אים אַ שאָרך זיך,
עס גיט די העמד זיך אַ צעבלאָז,
און ער דערלאַנגט אַ מאָרדעווע מיט די משרתים:
— וואָס שטייט איר ווי די בעק?
מען קאָן מיר דאָ אַרויסטראָגן אַ האַלבע קלייט!
אַן עק!
איך וועל אַליין!

און אויסגעפּרוווט דעם קלאַנג
פון יעדער קאָסע ט׳ער אַליין,
און האָט אַליין דאָס ברויט פון שניט געטיילט, —
און אין געדעמפּ פון זשאַווער — אינדערמיט —
געוויגט האָט ער אַליין זיך, ווי אַ זשאַווערדיקע זאַנג
און ווי אַ שאָטן זיך געשאַרט —
נאָר ס׳איז צו אים נישט צוגעשטאַנען — נישט קיין שניט
און נישט קיין שאַרף...

און איצט איז האַרבסט — אין סאַמע אָנהייב.
די היץ איז אָפּגעפאַלן פון דער גאַס.
די פויערן פירן ברויט מיט רויטע פאָנען.
ס׳איז יעדע פור — אַ פאָן, און יעדע פאָן — אַ גאַסט!
ז׳ביי וועמען זאָל עס אַנשל מאָנען?
— אַז ס׳גייט אים, זאָגט ער, נישט אין לעבן און אין ברויט!
— אַז ס׳גייט אים, זאָגט ער, נישט אין כּבוד, ווי ביי לייטן!
נאָר זאָגן זאָגט ער, אַנשל:

כ׳זאָל אַזוי מיט זייער בראָך באַוואָרנט זיין שוין,
ווי כ׳וועל זיי ביזן טויט
נישט מוחל זיין דעם פרייטיק!

4

ליב געהאַט האָט ער דעם פרייטיק,
אַנשל דער זאַליאַזניק.
עס האָט אים ווי די בעסטע קרייטער
אָפּגעשמעקט אַ טאָג מיט אַ פרישער זראַזע
און מיט צוגעברענטע פיש
און מיט געשמאַקער עולם־הזה.

איז ער זיך אומגעגאַן אַ טאָג פון שטוב אין מאַרק,
פון מאַרק אין שול, פון שול אין קראָם,
און אומעטום—מען ווישט,
און אומעטום — מען רוימט,
און ביז פאַרנאַכט
געלעגן אַנשל איז אין באָד
פאַרפלייצט
אין דר׳הייך
פון אויבן ווי אַ כמאַרע. —
דעם פליך מיט גאָטס געבאָט
ביז בלוט געריבן און געפּאַרעט,
און ס׳האָט געגלאַנצט ביי אים דער בויך
מיט גליטשיקייט פון שוויים
מיט גרויזאַמקייט פון פאַרמעט...
און פון דער העכסטער באַנק,
אין וואָלקנס שווערע אָנגעטאָן,
האָט אַנשל מיט פאַרמאַכטע אויגן
אַלעמאָל אַ בליץ געטאָן
און זיך צעדונערט: — יאַנקל!
— וואַרף נאָך אויף אַ שעפעלע אין אויוון!

ס'אַ פינסטערניש אין באָד.
עס שפּאַרט פון איר זיך אַ געשריי דאָרט ביזן הימל.
אויף הייסן אייז זיך גליטשט אַ נאַקעטע, די גאַנצע שטאָט,
פאַרפלאָנטערט אין אַ פריידיקער ווילדער פאַנטאָמימע.
זי טראָגט זיך, ווי אַ שווימעדיקער מיסטקאַסטן אין כמאַרעס אום
מיט אַ פאַרסאַדזשעט-רויכעדיקן פענסטערל צום דרויסן;
און דאָס געשריי און דאָס געברום
אַזוי דערקוויקנדיק און גרויס איז!...
ס'אַ פינסטערניש אין באָד פון קויט,
פון פּיאַווקעס און פון מאָך
אויף לייבער און אויף שטיינער —
עס וואַרפט זיי דאָרט די היץ און דרייט,
ווי אָפּוואַרף און ווי בראָך,
און מישט זיי אויס דאָרט אַלע אינאיינעם.
אָון אַלעמאָל גיט זיך די היץ, גלייך ווי אַן אָפּגרונט, אַ צעעפן,
און אַלעמאָל גיט עמעצער אַ זעץ אין דער ערד
אינאיינעם מיט אַן אויסגעשטרעקטן פולן שעפל
און קאָן נישט טרעפן —
צי ס'איז ער!
און איינער אויפן צווייטן טרעט,
און אַלע שרייען, —
עס זוכן אָנגעזייפטע בלאָנדזשענדיקע בערד
אַביסל שיין,
און ס'שוועבן אויף זיי אָן, ווי געגנז געקוילעטע, דאָס גרעט,
ס'צעהאָנגענע אויף פרידען...
און פונקט ווי פון אַ רינשטאָק —
אין אַ שמויסענעם פאַרנעצטן הויט,
צווישן אָט דעם נאַקעטן יאַריד האָט
דער געליימטער בעדער זיך געאיילט אַזוי
אויף ביידע קוליעס פונקט ווי אויף אַ וויגשטול
צווישן שעפלעך אָנגעפילטע ווי אַן אויג
מיט קילע-פלייש צעפאַרעטן, מיט ראָגאָזשע און ברוד —

האָט ער געאײלט צו דער בכּבודיקער העכסטער באַנק,
דאָרט אויסשטרעקן זײַן אויסגעדאַרט-געלײמטע האַנט
און אין דער נאַסער היץ אַרײַנשרײַען:
— איר האָט עפּעס געוואָלט, ר׳ אַנשל?

נאָכהער האָט אַנשל דאָרט די צװײ—דרײַ האָר,
וואָס אויף זײַן קורצן קאַרק,
געקעמט מיטן אײַזערנעם קעמל
פֿון זײַן אײגענער זאַליאַזנער קראָם,
און ווי אַ חזיר אויסגעקרעכצט דעם תּענוג
און געטענהט:

אַז 120 יאָר פֿאַר אַזאַ ייִד, ווי אַנשל, איז אַוודאי קאַרג,
ווײַל יעדע רגע שטײט דער שאָטן אויף דער זעל אײַך!
אַז ווײַניקסטנס איז טויזנט יאָר וואָלט ער באַדאַרפֿט,
אַזוי ווי כּאָטש דער זײדע משותלח,
אַז אויסטראָגן זאָל 500 יאָר אים פֿאַרן מאַרק,
און פּונקט אַזויפֿיל יאָר אין באָד,
און פּונקט אַזויפֿיל אויפֿן קיך,
וואָלט ער זיך דעמאָלט אויסגעגלײַכט די בײנער, —
דערנאָך וואָלט ער מיט גאָט
געהאַט ערשט אַ וויכּוח,
אַזוי ווי ס׳האָט געהאַט משה-רבינו!...

דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרײט די באָרד,
אַרויסגעקוועטשט פֿון איר דאָס לעצטע ביסל פֿאַרע,
געכאַפּט זיך, אַז עס פֿעלט אים עפּעס צו דער פּאָר,
און מיטן בעזעמל און ראָגאָזשע, גלײַך ווי מיט פֿליגל זיך גענומען,
און עפּעס אָפּלאָזן פֿון זײַנע טויזנט יאָר,
און אונטערקלאַפּן מיט די ברעמען:
— מע דאַרף די באָד צענעמען!
— אַז לאָז כּאָטשבי נישט זײַן דאָס מרחץ קאַרג!

מע דאַרף אַ הונדערט חתימות טאָן אַ מאָך,
אַז יעדער אָרעמאַן זאָל דאָרט אַוועקלייגן דעם טאַטן,
און אַ פּראָשעניע אָנשרייבן אויף גיך צום גובערנאַטאָר!

איז ער זיך אומגעגאַן אַ טאָג פון שטוב אין מאַרק,
פון מאַרק אין שול, פון שול אין באָד.
פון אומעטום — מיט גאָטס געבאָט,
און אומעטום — ווי לייט מיט לייט!
און יעדע האָר
פון זיין זאַליאַזנער באָרד
האָט אָרנטלעך געוווּסט, אַז אויף דער וועלט איז פּרייטיק!

5

דעם גאַנצן פרייטיק — פון קאַיאָר,
און ביז צו סאַמע ליכט-בענטשן — זאָגט אַנשל דער זאַליאַזניק, —
האָב איך געוווּסט, אַז ס'איז פאַראַן אין שטאָט
אַ ייד, וואָס הייסט ר' אַנשל!
און נאָך:
אַז דער ר' אַנשל האָט אַ קלייט, וואָס בליאַסקעט,
מיט צוועקעס און מיט שלעסער און זאַוויעסעס פלערליי,
און אַז ר' אַנשל האָט אַ שם אין באָד,
און האָט אין שול אַ שטאָט,
און האָט אַ ווערט פאַר גאָט,
און האָט אַ ווערט פאַר לייט.
און אַז סע טוט די שטאָט אָן אַנשלען נישט קיין טריט —
פון גרויס ביז קליין —
און אַז דער דאָזיקער ר' אַנשל איז קיינער נישט,
נאָר ער אַליין!

און איצט, — זאָגט ער, — זאָל גאָט אים אַזוי העלפן, —
אַז ווען דער פרייטיק קומט?

און ס׳ווערט פּאַוואָלינקע אַזייגער צוועלף,
איז דרייט ער, אַנשל, זיך אַרום,
ווי אויף אַ צווינטער,
און ווייסט אַליין גישט, ווו זיך הינטאָן...
און ס׳קנייטשט ביי אים אַליין זיך אויס די פּלייצע,
און ס׳גיט דאָס העמד צום לייב זיך אים אַ קלעפּ:
— אַז ס׳וואָלגערט דאָך זיין ליכטיקע זאַליאַזנע קלייט זיך
אויפן סטעפּ!
— אַז ס׳וואָלגערן זיך, זאָגט ער, זיינע אייגענע פּאָדקאָווע‌ס,
און ער אַליין גייט סך-הכל דאָ אַרום אויף קבר-אָבות
פון זיין זשאַווערדיקער זרע...
אָט ליגן זיינע שניידמעסערס אַרום דער שטאָל,
אָט וואָלגערן טשאַוונעגע געפּלאַצטע טעפּ זיך,
און ס׳גיט פון ערגעצוווּ אַ פּסוק אים אַ פאַל,
און שניידט אַריין אין זיינע ציין זיך, ווי אַ צוים!
— ומשה היה רואה צאן —
דער גאַנצער חומש גיט אים דאָרט אַ גרעבץ זיך, —
און משה איז געווען אַ פּאַסטוך ביי די שעפּסן!...

און דאָ, אין שטאָל, האָט אים די וואָלאָסט באַשענקט מיט כבוד און
מיט ערע,
און דאָ, אין שטאָל, האָט די סאָוועטסקע וואָלאָסט ביי פערד
געמאַכט אים פאַר אַ גבאי.
— איז וואָס-זשע, זאָגט ער, זאָל ער טון?
— איז זאָל ער אויפרופן די פערד צו דער תורה?
— נו גוט! — צעמאַרדעוועט ער זיך מיט הייזעריק געביל:
— יעמוד קאָבילע ברבי שקאַפּע!
— און שקאַפּע — וויאָ! ברבי קאָבילע!

אַז ס׳איז דאָך, זאָגט ער, דם ואש!
אַז ס׳איז דאָך, זאָגט ער, גליענדיקע קוילן,
אַז האָסט דאָך מורא פאַרן שטיקל פלייש,

וואָס האָסט אַליין מיט דיינע הענט געקוילעט,
ס׳זאָל נישט אַרויסגיין צוריק אַ לעבעדיקס פון מויל
און פון די ציין,
און ס׳זאָל דיך פאַרן גאָרגל נישט אַ נעם טון: — הער!
און דיך נישט אָפּפירן צו זיי אויפן פאַרהער,
און זיי אַזוי געפעליק, אַנשל דער זאַליאַזניק, און דערציייל:
— וואָס האָסטו געקוילעט?
— וועמען האָסט פאַרקויפט?
— ווען האָסטו געקוילעט,
— וויפיל האָסט פאַרקויפט,
— ווי אַלט איז די געקוילעטע,
— איר יחוס און איר שטאַם,
— צי איז זי אַ קאָלכאָזניצע,
— צי ניין, צי יאָ, צי סתם!
— צי איז זי נישט קיין קעלביקע
— חלילה נאָך געווען,
— און נאָכאַמאָל דאָס זעלביקע,
— און ווידער — וואָס און ווען!
— און נאָכאַמאָל אַ וואַרג געטון,
— און נאָכאַמאָל — באַקוקט —
אַז פונקט ווי כ׳וואָלט דערהרגעט דאָ
אַ מענטשן — נישט קיין קו!

און שטייסט און קוקסט און דו באַטראַכסט:
— אַ וועלט געווען, אַ וועלט — אַוועק...
און ס׳הענגט אויף דיר אַ באָרד ביז אונטערן דעם סאַמע האַרץ,
וואָס גאָט אַליין וואָלט זי פאַר בושה דיר פאַרדעקט,
אַ באָרד אַן אָפּגעקראָכענע אַ טוכלע,
וואָס ס׳איז שווין שווער דורך איר אַ יידן צו דערקאָנען,
אַז אָפּגעשניטן וואָלט איך זי צו אַלדע רוחות
און זי געוואָרפן גאָט אין פנים!
— האָסט אָפּגענאַרט! האָסט אָפּגעפּריצעוועט!

— פון גרויס ביז קליין,
— איז — נעם זי דיר און קלעפּ זי אָן דאָרט ווען ס'ווילט זיך דיר,
— כאַטש זיך אַליין!

6

מען לויפט... מען פאָרט...
איז וואָלט ער אויך געגאַן... אַליין...
ס'איז ווי-נישט-ווי...
ס'איז פרייטיק... פאָרט...
נאָר וואָס, זאָגט ער, איז דאָ פאַראַן צו גיין?
און וואָס איז דאָ פאַראַן צו פליען —

דער הימל איז פון אַלע זייטן אים דעם וועג פאַרלאָפן!
און הינטער אים איז ווייסט דער סטעפּ אַליין נישט ווו זיין סוף איז!
און איבער אָט דער ברייט און איבער אָט דער גרייס,
איז זעט דער גאַנצער אַנשל, ווי אַ סוסליק אויס
מיט באָרד און פאות, —
און ווייסן — ווייסט ער — פון פאַרפרי,
אַז ווו דו גיסט זיך נישט קיין ריר,
צי — דאָ, צי — דאָרט,
איז וואָרט אויף דיר
— אַ פּאָמידאָר!
— און עס! און — כאַליע!

געזען אַזאַ מין גליק?
אַז ווער האָט עס אַמאָל מיט יאָרן צוריק
אַפילו קוקן גאָר געוואָלט אויף אָט די גויִשע מאכלים,
— ווען?
געווען אַמאָל יום-טובים... אלול-צייט... די זון דערברענט זיך,
אַ גאָרטן גרינס... אַ דאַך אָן אָפּגעפאָרבטער בלויט דאָרט, —
איז פלעגט ער זיי דאָרט אַנשל זען,

זיך וואַרעמען ביים גלח אין די פענסטער,
ווי שרצימלעך, ווי נאַקעטע און רויטע.
ער פלעגט פאַרבייגיין דאָרט דעם גלחס שטוב,
ער פלעגט פאַרגיכערן מיט האַס די טריט,
און ס׳האָט אין האַרצן ביי אים אַ פאַרגעניגן זיך געשטופּט:
— ווי גוט איז אים, וואָס ער איז דאַנקען גאָט אַ ייד,
— ווי גוט איז אים דאָ נידריקער פון שטויב זיין,
אַבי פאַרשפּאָרן עסן אָט די טרייפע אויבסן!
און איצטער ליגן זיי מיר שוין אָט דאָ —
זאָגט אַנשל, שטופּנדיק די האַנט אין גאָרגל, — כ׳ווייס?...
אַז כ׳בין אינגאַנצן שוין אַליין אַ פּאָמידאָר,
מיט אויסגעקראָכענע מיט באָרד און פאות!

סע ווייסט, סע ווייסט אַ שטאָט,
גיט אַנשל זיך אַ דריי —
אַז אַנשל איז אין לעבן נישט געווען קיין גרויסער עסער...
ס׳איז דאָ,
צי ס׳איז נישטאָ!

פון ערגער און פון בעסער
איז קיינמאָל נישט געווען קיין רייד!
סע ווייסט אַ שטאָט מיט לייטן,
אַז אַנשל ז׳קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסער עסער
און ווייניקער, זאָגט ער, פלעג איך נאָך עסן פרייטיק,
און אפשר טאַקע גאָרנישט... נאָר אַזוי אַ ריר זיך צו...
פדי,
כדי ווי ס׳דאַרף צו זיין
כ׳זאָל קאָנען אָפּעסן די שבתדיקע סעודה!
און וואָס האָט עס באַטייט דען? —
האָט אַנשל זיינע ליפּן פליישיקע געררודערט:
— כ׳בין אויפגעשטאַנען אינדערפרי,
אַראָפּגעפּטרט נאָר דעם „מודה אַני“

מיט די אַנדערע שפּאַרגאַלן,
האָט שוין די קיך געבריט,
און גרייט ז׳געוועזן שוין אַ פּאָפּאַלעק!
אין קיך איז מיר שוין מיט דער קאָטשערע געשטאַנען זלאַטע
נאָך פון ביינאַכט,
און ווי דער מאָרגנשטערן האָט זי מיר געשיינט,
און ס׳האָט אַ שמעקעדיקע וואַרעמקייט געשפּאַרט
פון איר, ווי פונם אויוון...
אַ ליבע ליכטיקייט פוןביידע האָט געפלאַטערט,
און עפּעס ביידע זענען זיי מיר איבערפולט דאָרט...
אַז וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן, זיסער טאַטע,
כ׳האָב נאָר אַ קוק געכאַפּט, וואָס טוט זיך אין דער מולטער,
אין די בעקנס
מיט מיין זלאַטען, —
בין איך געבליבן שטיין!...
און האָב באַשיינפּערלעך געזען,
כאָטש מיט די הענט באַטאַפּ עס:
— ס׳איז מזמור שיר ליום השבת!
איז בלויז — אַ ווינק געטון, אַזוי — אַ פּלי:
— ס׳הייסט... זשאַלעווע נישט, זלאַטע, נאָך קיין שטיקל טייג,
און מאַך מיר דעם פּאָפּאַלעק אָט אַזוי ווי איך האָב ליב!

און — גאָט געטרייער —
אַז זלאַטע גיט די קאָטשערע אַ רוק אריין אין פייער,
אַזוי צו זאָגן:
— אַנשל! זאָגט זי, האָסט דאָך גאַנצע נעכט צו טון נאָר מיטן מאָגן!
— אַנשל! לויפסט דאָך, זאָגט זי, ביטע גאָט, ווי ס׳זאָל דיך יאָגן
אַ גאַנצער פּאָלק מאָסקוויטער מיט שאָמפּאָלן!
זאָג איך איר שוין:
— זלאַטע!
הער מיר אויף צו הירזשען!
זלאַטע!

— אַנשל האָט אים אין דער ערד, דעם מאָגן,
און ווייטער זאָלסטו מיר אַזעלכע זאַכן מער נישט זאָגן!
אוןביים פּאָפּאַלעק זיך אַוועקגעזעצט, קיין עין־הרע,
ווי ביי אַ גוטער בלאַט גמרא!

און ס׳לויפט דער טאָג.
עס ווערט פּאַוואָלינקע שוין איינס אַזייגער.
און ס׳דאַכט זיך, באַלד איז שוין דער פרייטיק גאָר נישטאָ.
איז לויפט מען שוין פון באָד צוריק אַזוי,
אַפילו זיך די באָרד ווי ס׳דאַרף צו זיין נישט אָפּגעווישט,
דאָס גרעט — אין פּאַזוכע און — לויף!
און דאָ טוט נאָך דער קריזש
פון ליגן אויף דער באַנק אַ ביסל ווי גאָר, —
נאָר ס׳גייט דער שבת שוין אַנטקעגן מיר:
ווייל אויפגערוימט איז שוין אין קיך,
און אָפּגעוואַשן איז דער ברוק,
דער אויוון איז פאַרשמירט,
דער טשאָלנט איז פאַרוקט,
און וועדליק ווי איך האָב די נאָזלעכער מיר אויסגעשווענקען גוט,
דערפיל איך, אַז טע שמעקט מיר מיט נאַהוט!

7

מיט קלייט־זאַכן האָט פרייטיק זיך פאַרנומען זלאַטע אָן אים,
אַז ער אַליין זאָל קאָנען זיין פאַרטאָן אין זיינע פרייטיקדיקע געטלעכע ענינים
און אין אַנדערע נשמה־זאַכן ריינע,
ווייל — מה אָנו
— מה חיינו...
איז האָט מען אים דערלאַנגט אַ שטיקל פיש
אַזוי נאָר צום פאַרזוכן, —
נאָך צאַפּלדיק און פריש,
אַביסל צוגעברענט,

און ער האָט מיט די הענט
אַ פרישע חלה דאָרט צעשטורכעט,
ווײַל אַ מנהג איז בײַ אים פון לאַנגע צײַטן נאָך געווען, —
די ערשטע חלה רײַסן מיט די הענט...
און צו די פיש — אַביסל כריין,
און אַ פּאָר קעלישקעלעך — דערוואַרעמען דאָס בלוט,
און מער אַפילו נישט געטראַכט,
ווײַל עסן, זאָגט ער, אַנשל, עס איך פרײַטיק זייער ווייניק,
ווײַל — מה אָנו און מה חיינו,
און כּדי די סעודה זיך נישט קאַליע מאַכן אויפדערנאַכט, —
דערנאָך איז ער געגאַן אַ דרעמל טון אַ פּאָר מינוט,
ווײַל דאָס איז שוין בײַ אים, ווי אַ געבאָט:
— אַ דרעמל כאַפּן נאָך דער באָד!

און אַנשל גיט מיט ברעמען דראָטענע אַ שניט,
און מיט די אויערן אַ קוק אין בײדע זײַטן:
— נו גוט! נו שבת — נישט! נו זונטיק — נישט,
איז וואָס וואָלט זיי געאַרט, אַז ס׳זאָל בײַ יידן בלײַבן פרײַטיק?

אויפגעכאַפּט האָט אַנשל זיך אַזייגער דרײַ.
איז שוין אויף גיך אַ לעק געטון די זראַזע,
ווײַל אין קיך איז שוין אַ לויפערײַ,
מ׳האָט שוין דעם שבת באַלד אַרײַנגעפירט מיט מזל, —
איז אַ פּאָר קיכלעך מיט אַ גלעזל קאַווע
און — פּאַרטיק! —
אַ קאָמאַנדעווע, ס׳זאָל ווערן אויס־געראַדער,
כּדי מ׳זאָל האָבן כּוח צו פּראַווען
אויפדערנאַכט
די ערשטע שבתדיקע סעודה!
— אַזוי, זאָגט ער, ז׳אַוועקגעגאַן דער פרײַטיק.
— ערשט נאָך דער שול האָב איך געפירט דעם טיש
און כּוח געהאַט צו זינגען זמירות,

ווי ביי לייטן!
אין דער הייך!
און צו געזונט!
און — ווער מיר שלאָפן?
און — וואָס מיר לויפן?
איז אָפּגעזונגען זמירות פאַר די פיש,
און זמירות פאַר אַ יויך,
וואָס ס'האָט געשיינט, ווי ס'שיינט די זון,
און זמירות פאַר אַ שטיקל עוף
פון גאָטס געהאָדעוועטע עופות,
און זמירות — פריער,
און זמירות — נאָך,
און — דאָ
און — דאָרט!
און דאָך:
איז שבת נאָכן דאַווענען, ווען אַנשל איז פון שול געגאַן אין היילקייט פאַרהילט

און פון די אויערן געדונגען האָט אַ ניגון נאָך אַ ניגון,
האָט ער מיט יעדן חוש באַשיימפּערלעך געפילט,
אַז ער וועט אויף געוויס מיט זלאַטען זיך פאַר עפּעס קריגן!...
כאָטש ס'האָט זיך אים אונטער די פיס געלייגט אַליין די ערד,
און כאָטש פון ווילטיק האָט ער אויף דער גאַס געטאָן אַ הוסט
אַזאַ, אַז ס'זאָל אַ האַלבע שטאָט אים האָבן גלייך דערהערט,
און זינגען האָט זיך אים דעם גאַנצן וועג אַהיים געגלוסט,
און דאָך האָט ער געזוכט אַ זאַך אַזאַ, וואָס איז נישטאָ,
מיט זיך אַליין האָט ער דעם גאַנצן וועג גערעדט דאָרט,
נאָר ס'האָט די גאַנצע גאַס, נאָר ס'האָט די גאַנצע שטאָט
געשמעקט מיט אָנגעריבענעם געשמאַקן רעטעך!

ער האָט אים נאָך אין שול פאַרשמעקט,
דער שבתדיקער רעטעך, ביזן לעבער,
ס'איז אים פאַרגאַן דער ריח ביז געוויין.

וועו אויפגערופן האָט מען אים צו דעם באַלעמער,
איז ער געשטאַנען און געשאָקלט זיך ביים סאַמע עק,
אַן אויפגעטראָגענער אין זיסן טרויער, —
ב'אַז ער האָט מיטן גאַנצן כּוח זיך צעשאָקלט און צעוואַרעמט,
האָט ער אַ וואָרף געטאָן דעם האַלז
צום הימל, צום לשם, צום יחוד קודשא,
און ס'האָט זיך אים אין קאָפּ גענומען באַלאַמוטשען,
און ווערטער זענען פון צווישן זיינע ציין,
ווי שטיקער רעטעך פון אַ ריבאייזן, געפאַלן אויפן פאַרמעט
און זיך געשמאָלצן און געפּעטיקט דאָרט מיט געלן שמאַלץ
און מיט געבראָקטן צוויבל
און: — גרויסער גאָט און — טאַטע ליבער!
— אַ קליינִיקייט! אַ וואָס?
אַ שטיקל שבּתדיקער רעטעך, דאַכט זיך,
און ס'זינגט זיך עפּעס אַנדערש דער אַתקינו סעודתא,
און אַנדערש אָנגעלייגט ז'די וועלט די גאַנצע אויפן האַרצן!
און ס'האָט די מלכּה-שבּת זיך אויף קוימענעם קאַסאָקע,
ווי אויף פּייערטעפּ געפּרידעט און געדעמפּט,
און ס'האָט אַ שטאָט אַ גאַנצע — מצוות איר געטראָגן
אָנגעפּריִעטע אין טשאָלנטיקע טעפּ,
און אומגעפּאַדיעט האָבן אוראַלטע סאָראָקעס
מיט שוואַרצע טליתלעך איבער די קעפּ,
מיט בייכער מיסטיקע און גראָבע,
אָנגעשטאָפּט ביז דרערד,
און עפּעס האָט געסמאַליעט פון די היילִיקע פּאָטראַוועס
מיט אשר-יצר און מיט טשאַד,
און ס'האָט אַ שטאָט אַ גאַנצע זיך פאַרהערט,
אַז ווער ס'ועט מער לכּבוד שבּת
אַריינפּרעסן געקוועטשטן באָב,
געהאַקטן לעבער און פּעטשאַ,
און ווער ס'וועט מער זיך אָנטרעלבן מיט טשאָלנט שבּתקאָווע,

און ווער ס׳וועט שטאַרקער זיך די נאָז מיט כריין פאַרקאָוועון,
און וועמעס גרעבץ עס וועט דערלאַנגען ביז צום סאַמע כסא־הכּבוד!

אַ יעדוועדער געריכט האָט זיך אַן אַנדער זכות געפונען,
אַ יעטוועדער געריכט געגאַן איז מיט אַן אַנדער מצווה;
געהאַקטע שטיקער פיש — בזכות אַברהם־אָבינו,
און געגזענע געפילטע העלזלעך — פאַרן טאַטן יצחק,
און קוגל לאָקשענער מיט זאַפרען און מיט פיינקוך
פאַרן טאַטן יעקב,
און אַלע בייזיין
זאָלן מיטאַמאָל —
דערנאָך ערשט — די געפילטע צוגעפריטע ווייבער צום פאַרבייסן
פאַר אַלע טאַטעס און צדיקים פונם גאַנצןעפאָלק ישראל!
און אַלע זענען זיי געקומען
און קיינעם האָט מען נישט פאַרגעסן —
נ׳געדאַכט האָט זיך, אַז גאָט אַליין גייט אום
די לאָדן צומאַכן ביי יידן שבת נאָכן עסן
און נעמט אַ יעדן באַלעבאָס אונטערן אָרעם
און פירט אים אָפּ צום בעט
און זאָגט: — ווי זאַמד ביים ים איר וועט
אם־ירצה־השם זיך מערן
און גלייך ווי אויפן הימל — אם־ירצה־השם די שטערן,
און שפּרעכט זיי אָפּ און ווינשט זיי לאַנגע יאָרן,
ס׳זאָל זיי נישט שולט־זיין, חלילה, דאָרט קיין עין־הרע.

איז דאַכט זיך גוט און וויל — אַ פאַרגעניגן!
און דאָך האָט אַנשל גייענדיק געפילט, אַז ער וועט זיך מיט זלאַטען קריגן,
איז ער געגאַן באַרוט, געדעדט מיט זיך אַליין,
האָט ער אַ זאַך אַזאַ געזוכט, וואָס איז אין ערגעץ נישט פאַראַן
און זיך געכאַפּט, אַז זלאַטע האָט פאַרגעסן מיטנעמען דעם פייערטאָפּ אַהיים...
אַ היץ האָט אים פון מויל אַ שלאָג געגעבן דאַן:
— אַ שרפה פעלט מיר נאָך אום שבת אַקוראַט

מיט פייער האָב איך נאָך אום שבת נישט צו טאָן געהאַט,
אַז שטיין און קוקן זאָל איך ווי איך ברען
און צורירן כ'זאָל זיך נישט טאָרן מיט די הענט.
האָט ער אויף גיך אַ קער געטאָן זיך אויפן מאַרק
און פונדערווייטן מיט דער באָרד געפּאָכעט און געמאַכט;
ס'האָט אויף אַ גאַנצן ווערסט פון שטיוול זיינע זיך געהערט דאָס קלאַפּן,
און שווייס האָט פון זיין האַלז-און-נאַקן זיך געצאַפּט,
נאָר מיט פאַרהויבענע צוויי ווייסע לאַפּעס
האָט ביי דעם שלאָס געפּאָרעט זיך דער שטעטלדיקער צאַפּ.

און אַנשלעפּן איז אַ באַרג פון האַרצן אַראָפּ.

פאַרגעסן האָט ער אַזש דאָס וואָרט אויף אָפּטרייבן די חיה,
האָט ער אַ שטיין געטאָן פון דרערד אַ גראָב,
און זיך דערמאָנט, אַז וואַרפן אים אום שבת איז נישט שייך...
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיך צעהיצט דאָרט:
נישט אויסצוהאַלטן, גאָט, ז'פון דיינע אַכצן הונדערט מצוות!
אַז וואָס? אַז טאָמער טשטאָ ניבוד — איז שוין געשטרויכלט:
אַ צאַפּ אַראָפּטרייבן אום שבת טאָר מען אויך נישט!

אין שטוב איז ער אַריין מיט אַ גוט-שבת — איינס און צוויי,
אַהין, אַהער — אַ דריי.

פאַרביסן גלייך און גיך מיט אַ גוט-יאָר עס,
און — שלום-עליכם מלאכי-השרת,
און באַלד איז ער אַריין מיט די מלאכים אויפן קויף
און — עפּעס דאָרט אַ נישטער און אַ זויף
און — אַסדר לסעודתא
און — זלאַטע, וואָס איז דאָס?
קיין רעטעך, זע איך — נאָך נישט אָנגעריבן, באַלעבאָסטע!
און איבער זלאַטען דורכגעגאַן אַ שאָרך איז,
שלום-עליכם, מלאכי-השרת,

און זי האָט זיך אַ דריי געטאָן — אַזוי צו זאָגן:
— ער פעלט דיר שטאַרק!
— דו דאַרפסט דעם רעטעך, אַנשל, צו דיין פיינעם מאָגן!
און אַנשל האָט אַרויסגעקריצט אַ זשאַווערנדיק וואָרט,
און ס׳האָט דאָס וואָרט געגעבן זלאַטען אַ צעטרעט דאָרט:
— מע האָרעוועט אָפּ אַ וואָך, מען שלאָגט זיך אָפּ אַ וואָך,
זאָל שבת, ווי ביי יידן, זיין אַ שטיקל רעטעך!
און ס׳האָט זיין קול געדונערט און געטראַסקעט,
און ס׳האָט זיין קול געוואָרפן דאָרט אין דרייען זיך:
— פון שול, הייסט עס, האָט אַנשל זיך באַדאַרפט צו לאָזן אין די הייזער
אויף עמעצנס לאַסקע,
אויף עמעצנס... איך בעט אייך —
אפשר איז ביי אייך פאַראַן אַ שטיקל רעטעך
פאַר אַנשל דעם זאַליאַזניק?
און ס׳האָט אים ווי אַ ווינט פון קוך אין שטוב און צריק געטראָגן:
— אָט וועט זי באַלד מיר זאָגן: מאָגן-שמאָגן!
איז אַנשל האָט אים אין דער ערד, דעם מאָגן,
און ווייטער זאָלסטו, זלאַטע, מיר אַזעלכע זאַכן מער נישט זאָגן!

און איצט איז האַרבסט — אין סאַמע אָנהייב,
די היץ איז אָפּגעפאַלן פון דער גאַס,
די פויערן פירן ברויט מיט רויטע פאָנען,
ס׳איז יעדע פור — אַ פאָן, און יעדע פאָן — אַ גאַסט,
— ז׳ביי וועמען זאָל עס אַנשל מאָנען?
— און אויף וועמען זאָל עס אַנשל זיין אין כעס?
אַז ס׳גייט אים נישט אין לעבן, זאָגט ער, און אין ברויט,
אַז ס׳גייט אים, זאָגט ער, נישט אין כבוד, ווי ביי לייטן,
נאָר זאָגן — זאָגט ער, אַנשל:
איך זאָל מיט זייער בראָך אַזוי באַוואָרנט זיין שוין,
ווי כ׳וועל זיי ביזן טויט
נישט מוחל זיין דעם פרייטיק!

8

פערציק יאָר איז ס׳פעלד געגאַן צו אַנשלען אין זאַליאַזנער קלייט,
געגאַן מיט פויערישע פּאָסטעלעס, מיט קניפּקעלעך געשטעלט זיך,
געגאַן מיט אָפּגעבּרענטע פּנימער און נידעריקן גורל אין געבּייג,
נ׳מיט טראָפּן שווייס אויף לייוונטענע העלזער —
פערציק יאָר איז ס׳פעלד געגאַן צו אַנשלען אין זאַליאַזנער קלייט,
און אויפן איין־און־פערציקסטן האָט ס׳פעלד
פאַרבעטן אַנשלען זיך מטריח זיין אַליין
און קומען אויפן ברייטן ברויטיקן באַפעל —
און אויפן איין־און־פערציקסטן, האָט סטעפּ דערקלערט,
האָט סטעפּ אַ ווונק געטאָן מיט אויסגעשלייפטער קראָפּעווע צו אים:
דאָס הייסט — פאַראַן ז׳מיט ר׳ אַנשל אַ געשפּרעך,
דאָס הייסט, — פאַראַן מיט דיר: ר׳ אַנשל, איז אַן ענין!
פערציק יאָר האָסטו מיט שניידמעסערס געהאַנדלט, אַנשל דער זאַליאַזניק,
און איצטער אַרבעטן מיט שניידמעסערס וועסט, אַנשל דער זאַליאַזניק,
פערציק יאָר האָסטו ביים שופלאָד זיך געבויגן, אַנשל דער זאַליאַזניק,
און איצטער וועסטו איבער ערד זיך בויגן, אַנשל דער זאַליאַזניק!
פערציק יאָר האָבן געדינט די פערד דיך, אַנשל דער זאַליאַזניק,
און איצטער וועסטו זיין אַ קאָניוך, אַנשל דער זאַליאַזניק,
און יעדע זאַנג האָט אים פאַרטרויט,
און יעדער שאָרך האָט אים געמאָלדן:
— ר׳ אַנשל, איי וועט מען דאָ הייבן ברויט!
— ר׳ אַנשל, איי וועט מען דאָ ברויט אַ מאָל טאָן!
און יעדער ווינט האָט אין באָרד אַריין געפליאַסקעט:
— נאָר שלאָגן וועלן מיר מיט דיר זיך, אַנשל דער זאַליאַזניק!

און אַנשל האָט די קלייט פאַרמאַכט,
ער האָט מיט שנאה, ווי מיט כריין, זיך אָנגעשטאָפּט
און מיט אָפּצווענגעס זיינע פיס געריסן פון אַ מאַרק,
און פון אַ שטאָט,
און פון אַ שול, און פון אַ באָד,

און פון אַ היים...
ווי כוואַליע ציין פון אַ באַזעצטער יאַסלע
האָט ער אַליין
אַליין געריסן — אַנשל דער זאַלאַזניק,
און ס׳האָט געטריפט פון זיי מאַטעריע מיט ליאַג,
און ס׳האָט געסקריפּעט זיין רציחהדיקער „טאַק״!
דעם גאַנצן אומעטיקן וועג —
און אַנשל איז אַוועק...

דער הימל איז פון אַלע זייטן אים דעם וועג
פאַרלאָפן.
און הינטער אים איז ווייסט דער סטעפּ אַליין ניט, וווּ זיין סוף איז,
און איבער אָט דער ברייט און איבער אָט דער גרייס
זעט אַנשל ווי אַ לויפנדיקע קללה אויס,
מיט אויגן אויסגעשטשירעטע ווי מעסערס
און אויסגעשטעלט איז יעדע האָר פון באָרד ווי אַ שטיק דראָט,
און אַלע שרייען זיי פון, פון אים אַרויס:
— אָט האָסטו, גאָט!
אַזוי וועט אַנשל אויסברעכן דיין חסד
און גענאָד!

9

און זלאַטע האָט געפּאַקעוועט ס׳געפּעק אין אַלקער,
און זלאַטע האָט אין וועג אַריין צונויפגעלייגט דאָס גרעט?
און ווו ט׳זיך עס אַ טרער ביי זלאַטען נישט פאַרוואַלגערט?..
נאָר אַנשל האָט געקוקט און גאָרנישט נישט גערעדט...
זי האָט צום לעצטן מאָל באַקוקט דעם אויפן אויוון — און דערמאָנט
זי האָט זיך:
— דעם קוימען נישט גערייניקט האָט מען שוין פון לאַנג,
און ס׳האָט איר געגלוסט אַ שפּרונג, אַ שטיקל יהי רצון,
און זיך נאָך צוזעצן אַביסל אויף דער באַנק...

זי האָט זיך אָנגעטאָן אַסאַך פאַרשידענע מלבושים,
געבלאָנדזשעט מיט די הענט אין קאָפּטעלעך — אַ שלל,
און ער האָט זי געפּערעט: זלאַטע, נו שוין!
און ער האָט איר אַליין געמאַכט דעם קנופּ דאָרט אויף דער שאַל,
און דאָך האָט זי זיך אויסגעוויזן אַנשלען עפּעס קירצער
און קלענער פיל, ווי זי איז אינדעראמתן געווען;
אַליין האָט ער מיט דראָט מיט גראָבן אָנגעגורט זיך
און מיט דער באָרד געסקריפּעט: — וואָס? ס׳אי׳דען אין מיר געווענדט?..
און זלאַטע האָט זיך אָנגעטאָן אַסאַך פאַרשידענע מלבושים,
אין אַלע קאָפּטעלעך — פון אויבן מיט אַ שאַל;
ס׳האָט זיך ארומגעדרייט אַ האָן אַ גרויסער, ווי בושל,
און נישט געקרייעט, נאָר געשאַלט.

ער האָט זיך דאָ געפילט, דער האָן, ביי אַנשלען פאַר אַ יחסן,
כאָטש נעם און טראָג אים צו אַ שטול, אַ פאַראַסאָל,
כאָטש שטעק אונטערן פליגל אים אַריין אַ מחזור,
נ׳אָט גיט ער דיר די אויגן אַ פאַרמאַך זיך,
און פאַרגייט זיך מיט אַ שמע-ישראל,
אַז דאַרפן וועט מען זיין פון אייזן און פון שטאָל
זיך נישט צעוויינען און צעכליפּען מיטאַמאָל!
מ׳האָט אים געשאַנעוועט, דעם האָן, אין אַנשל דעם זאַליאַזניקס שטוב,
געהיט פון אַן עין-הרע
מיט אַלערליי געפּרוווטע שפּרוכן,
און אויסגעזען האָט ער, ווי זלאַטע אין די יונגע יאָרן,
ווען קומען פלעגט זי פונם שול
פאַרפּוצט אין פאַטשערקעס און אין געשטיקטע טוכן, —
האָט ער זיך אומגעדרייט, דער פויגל,
אין הוילע גאַטקעס און אין שפּאָרן,
און אַ צעפּעסטעטער זיך אַזוי פיין געכאָוועט:
— אַ פּיק אַהער, אַ פּיק — אַהין,
און צוגעקוקט מיט אויגן
גרינע,

ווי ס׳טוט פון באַלעבאָס זיך אָפּ דער כבוד
און די שכינה...

נאָר ווי דער מלאך-המוות ט׳אַנשל זיך אויף אים געגראָבן,
און פונקט ווי ב׳עפּעס זיך דערמאָנט — האָט ער געטאָן אַ לויף:
— מ׳עט, זלאַטע, מיטנעמען די היימישע כוואָבע,
וועט מען אויף שבת קאָנען אָפּקאָכן אַ שטיקל צוף...
אַ קוק געגעבן — לינקס, אַ קוק געגעבן — רעכטס,
און פאַלן האָט ער נאָך געלאָזט אַ זויפערישן קרעכץ.

10

ווען זלאַטע האָט צום וועג שוין אַלץ געהאַט באַשטאַט דאָרט,
האָט אַנשל מיט דער באָרד צום בוידעם זיך געטאָן אַ פליוסק:
— מען דאַרף אַראָפּנעמען דעם זאַק מיט פעדערן פון בוידעם, זלאַטע,
ס׳איז פעדערן! און פעדערן גייט אויך איצט נישט צופוס!
ס׳איז דאָרטן לאַנגע נעכט אין דאָרף און צייט וועט סטייען,
זיי האָבן דאָרט נישט צוגעגרייט קיין קלייט דיר,
זיי האָבן זיך פאַר דיר קיין פייערטאָפּ דאָרט אויך נישט פאָסטאַראַיעט,
מ׳עט פליקן פעדערן! מ׳איז, דאַנקען גאָט, קבצנים! ליידיק!

און אַנשל דעם זאַליאָזניקס וואָגן איז געווען שוין גרייט,
דער זאַק מיט פעדערן — ב׳אַ זייט אַ ביסל אָנגעלענט;
דער פויגל — אויבנאָן — האָט אַלעמאָל די פליגל אויפגעטרייסלט,
און אַנשל האָט פאַרלייגט די הענט:
— געווען און — נישט פאַראַנען...
— נו זאָג, מיין ווייב, איצט — ברוך שפּטרני!
קיין יידן זענען אויף אַ פור נאָך שבעה נישט געזעסן!...
דער זאַק — אַ דריי,
דער האָן — אַ קריי —
אַן עמער אויף דער אַקס געבאָמבלט האָט צום טאַקט,
און אַנשל האָט דעם גאַנצן וועג געמאַכט צום הימל: — „טאַק”!

אָט איז דער מאַרק,
אָט איז די וועלט,
אָט איז די גאַס,
אָט זענען אַלע זיינע ערטער...
— איז וואָס ט'ער עס געדאַרפט?
— אַז וואָס האָט אים געפעלט?
— און וואָס האָט דען זיין גאַנצער פּעס
די ווערט דען?
דער דרויסן שמעקט מיט זיסן וועלק,
דער דרויסן שמעקט מיט אָפּגעשניטנס;
אָט איז זי, אָט — די זיסע וועלט,
און קערסט איר אָן און קערסט איר נישט אָן...
אָט זענען זיי, די זונטיקס די פאַרשוועכטע,
אָט זענען זיינע טריט —
און אַלעמאָל האָט אַנשל אויסגעדרייט דעם קאָפּ צוריק,
ווי אַ בוהיי, ווען מען פאַרפירט אים צו דעם שעכטהויז...

און זלאַטע איז געזעסן פאַרוטש מיטן זאַק,
אַליין אַ זאַק אַן אָנגעפרידעטער אַזאַ,
מיט פעטינקע פרייטיקצוגאַכטסן שווערע.
געדוכט האָט זיך, אַז צוויי פאַרקניפּטע זעק פאַרשוווּנדן ערגעץ ווערן,
אַז ביידע קוקן זיי זיך איין דאָרט אין דער פרעמדער ווייט,
און שווער איז געווען צו דערקלערן,
וועלכע פון די ביידע זעק איז אַנשלס ווייב...
דערפאַר האָט אַנשל אויפן גאַנצן וועג
נישט אויסגערעדט מיט איר קיין איינציק וואָרט;
דער וואָגן האָט געוויגט, דער וואָגן האָט געוועקט,
און ער האָט מיט דער באָרד,
ווי מיט אַ ווייער זיך געפאָכט —
ער האָט אויף איר נאָר אַלעמאָל אַ בייזן גלאָץ געטון:
— דערלאַנג עפּעס דעם האָן! ער וועט נאָך פון דער פור אַרויס!
און אַז מיטן פאַרבונדן מויל געטאָן אַ בורבל האָט זי נאָר, —

האָט ער זיך שוין צעשריגן און צעברויזט:
— וואָס האָסטו אַזוי מוראָ אונטערהייבן זיך, פּאָטאַצקעכע?
מען פאָרט איצט נישט אויף קיין יאַרידן, זלאַטע, — אויס!
דערנאָך איז מען געפאָרן מיט דער באַן
אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנצע נאַכט;
נאָר איינזיצן האָט אַנשל נישט געקאָנט דאָרט אויף דער באַנק,
און נישט געקאָנט אַ רגע שטיין,
ווייל איבערשטייגן האָט מען ערגעץ דאָרט געדאַרפט,
און דאָ האָט אים אין וועג דאָס עסנוואַרג פאַרשאַדט נאָך,
אָט איז אים הייס,
אָט איז אים קיל —
דער בויך האָט אים אַ נעם געטאָן ביז שוויס,
גלייך ווי ביים גיין צו קינד, —
איז ער געלאָפן אַלע ווײַלע פאַרען טיי,
איז ער געלאָפן אַלעמאָל זיך שלאָגן פאַר דער ריי,
אין איין האַנט — דער טשייניק,
די צווייטע — אויפן בויך,
און דאָרטן איז באַזעצט,
און — דאָ איז נאָך צו פרי —
האָט ער געפילדערט אין דער הייך:
— אַ גליק!
— אַ העון!
אַ מאָגן איז אַ מאָגן נאָך,
אַ מענטש איז נאָך דערווייל אַ מענטש — לעת־עתה,
— אַ לעבן אויסגעטראַכט פון גאָלע פּערעסאַדקעס!
איז ווו דו גיסט זיך נישט קיין ריר —
איז באַלד אַ פּערעסאַדקע!
פון בוזעם האָט אַרויסגעשטעקט אַ שטיק פּאַפּיר,
אַן אויסגעבראָטענע, אַ געלע,
ער האָט זי פון קעשענע אַרויסגעשלעפּט, ווי פון אַ טוכלע קעלער,
און ס'האָט זיין האַרץ געטאָן אַ ברי,
און איינגעהאַלטן פון געוויין האָט ער זיך קוים,

ווען ס׳האָט צו אים אַ בליק געטון פונם פּאַפּיר: — „טאַרגאָווי דאָם״,
וואָס האָט באַקרוינט אַ חשבון אויף דער זיסער לשון-קודשדיקער שפּראַך:
— בשביל הרשע האיספּראַווניק מאָה רו״כ...
בשביל הגאָרדאָוואָי ימח שמו עשרה רו״כ...
בשביל זוגתי זלאַטע, טאַטע זיסער — אַך!
און ווידער — רו״כ,
און — קראַך!

איז ער געזעסן און געטראַכט:
— נו, נעמט אים, אַנשלען, און צעטרעט שוין אים,
אַזוי-אָ-אָט!
— וווּ ביסטו, ליטוזעליקער גאָט?
הבט וראה,
געגנען און זע אַליין,
ווי אין אַ בית-הכסא, וואָס איז שרעקלעכער נאָך פון אַ תהום,
צערעכנט זיך דיין אַנשל מיט זיין אייגענעם „טאַרגאָווי דאָם״!...

11

האָט אַנשל אָפּגעמאַרדעוועט דעם וועג,
און זלאַטע ט׳אַלע מאָל עפּעס דערמאָנט זיך, —
געשראָקן זיך — דער צוג זאָל נישט אַוועק,
און אַנשל זאָל נישט בלייבן אויף אַ סטאַנציע,
ער זאָל נישט דאַרפן נאָכלויפן דעם צוג,
אין איין האַנט — דעם טשייניק, דעם מאָגן — אין דער צווייטער;
ס׳האָט איר דאָס האַרץ געקלעמט, ס׳האָט איר דאָס האַרץ געצוקט,
— אַז גאָט ווייס וואָס — דערגייי עפּעס, דערגיי דאָ!...
ביז אָנגעקומען זענען זיי אין סטעפּ,
ביז ס׳האָט זיך זלאַטע דאָרט אַוועקגעזעצט אינמיטן,
אַרומגעקלעפּט מיט ווייקשאַפן און טעפּ...
עס איז געווען אַ שטילער מיט-טאָג,
דער סטעפּ ט׳געשווומען נאַזנדיק —

און אַנשל האָט מיט אויגן זיך צעטאַנצט דאָרט:
— נו, נאַ זי דיר,
— נו, מזל-טוב!
— אָט האָסטו זי — די גאָלדענע פּלאַנטאַציע!

12

אַן אוראַלטער איז ער דער אומעט אויפן סטעפּ,
ווי מוטנער ווייַן איז אויפן סטעפּ דער אומעט,
ער גיט אַ טשמעל אַזאַ איבער די קעפּ,
און ליגט צופוסנס זיך, אַליין — אַ שטומער...
איז טרינקט דעם אומעט ליגנדיק דער טויבער סטעפּ,
פון איבערקערטן הימל, פון אַרומען;
אַ יעדער פור פאַרציט ער און פאַרוועבט,
אַ יעדעס שטיבל טראָגט ער, ווי אַ קלומעק.

איז אַנשל אָנגעקומען
מיט סקריפּ און מיט געוועק;
— איי איז דאָס אַן אומעט,
— איי איז דאָס אַ וועג!

אַ קעלבל — אויפן וועג,
דער הימל — אויפן דאַך;
צי גייען זיי אַנטקעגן,
צי ס׳האָט זיך אים געדאַכט...

עס עפענען אַליין זיך
די שטאַלן פאַר די פערד;
און שטיבלעך זענען קליין
און האַלטן זיך ביי דר׳ערד.

און ס׳האָט דער אומעט זיך געקלעפּט
צו אַנשלען, ווי אַ פּלאַסטער,

און ס׳האָט דער אומעט אים דערקלערט:
— אָט האָסטו, אַנשל, ערד,
— און אָט האָסטו אַ זאַסטעפּ,
— וואָס זאָגסטו עפּעס, ברודערל,
— אָט האָסטו, אַנשל, סטעפּ,
און ווילסטו, ברודער, בידעווע,
און ווילסטו, ברודער, לעב!
ס׳איז עפּעס פּריקרע אים געווען
אַ זאַסטעפּ האַלטן גלאַט זיך,
נישט אויסקלינגען דעם מקח מיט די הענט
און ס׳זאָל די גאַל ביי אים נישט פּלאַצן...

ווען ס׳פלעגט אין קלייט זיך אַנשל צורירן צום זאַסטעפּ,
אַז ווי אַ גזרה זאָל ער אויסקלינגען די פּרייז,
האָט יעדעס ברעקל ראָסט געטראַסקעט:
— רייס!

דאָס איין און איינציק מאָל,
ווען אַנשל האָט געפּרווט דעם זאַסטעפּ אויף מלאכה,
איז געווען שוין זייער לאַנג — אַמאָל —
אי דאָס — נישט אויף קיין ערד,
נאָר אויף זיין שכן;
אי דאָס — ט׳מען אים נאָכהער
אַ וואָך אַ גאַנצע אָפּגעשפּראָכן,
ס׳האָט יעקב-הערש זיין שכן
זיך געבאָברעט מיט אַ בית-הכסא:
אויף פּסח מאַכן איבער אים האָט ער געוואָלט די ברכה
אַנטקעגן אַנשל דעם זאַליאַזניקס שטוב,
די גרוב —
שוין אויסגעגראָבן ט׳ער געהאַט
און ביסלעכווייז ט׳מען שוין אין איר גענומען גיסן, —

ס׳איז אַקוראַט
געווען ראש-חודש ניסן.

אין לײלעכער געפּשרטע האָט מען געטראָגן מצות,
און ייִדן האָבן אויסגעזען ווי די פאַרזאָרגטע וואָרצלען כריין,
דער ווינט האָט ווי אַ ריבאײַזן געריבן זיי צום פּלאַצן,
און יעקב-הערש האָט צוועקעס נײַנקע געהאַלטן אין די צײן
און אָפּגעמאָסטן האָט ער שוין דעם אָפּטריטל די קרוין
און עס באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ —
און אַלעמאָל האָט ער אַ צוויאָק פאַרקלאָפּט
און אַלעמאָל האָט ער די באָרד געטאָן אַ בײס,
אַז אם-ירצה-השם אויף פסח מאַכט ער דאָס חנוכּתל-הבית!

און אַנשל איז געלעגן דאָן צו בעט
מיט אַ בישעכע אויפן גאַנצן פּנים,
די רעכטע באַק איז אים מיט וואַט געווען געבעט
און איז געווען געשוואָלן און פאַרבראַקנעט,
דאָס מויל האָט זיך אַ דריי געטאָן אים
אויף אַ זייט צום האַלז און נאַקן
און יעדער צוויאָק, וואָס יעקב-הערש האָט דאָרט פאַרקלאַפּט,
איז דאָ געקראָכן אַנשלען גלײַך אין קאָפּ,
און ווי אַ שרפה אין זיין האַרץ צעברענט זיך, —
ס׳האָט אים די רציחה פון זיין מויל געשפּאַרט
און ס׳האָט זיך אים געדאַכט:
— אָט שטייט עס שוין דאָס אָפּטריטל און קוקט אים אין די פענסטער!

איז ער אַראָפּ פון בעט אַ הוילער
אין די גאַטקעס,
פאַרבונדן קוים די באָרד מיט זלאַטעס אַ פּאַטשײלע,
און ס׳האָט פון זיין פאַרקרומטן מויל אַ בראָך געטאָן: — פאַראַדקעס!
און נישט געזען האָט ער, ווי זלאַטע טראָגט אים נאָך דעם פאַלטן,—
ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם זאַסטעפּ:

— יעקב-הערש! דעם קאָפּ וועל איך דיר שפּאַלטן!
— אַן אָפּטריט אונטער מיינע פענסטער! יעקב-הערש!
— אויף יענער וועלט וועסטו אים ענדיקן!... דו הערסט?
געשוויצט האָט אַנשל אַזש פון כּעס,
ער האָט אַ הייב געטאָן דעם זאַסטעפּ צו דער גאַס:
ס׳וועט, יעקב-הערש, דאָ בלוט זיך גיסן!
אויף פּסח האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ בית-הכּסא
און צו דער קלויז האָט ער זיך סאָפּנדיק געריסן!
— ס׳בית-המדרש, יעקב-הערש, איז עלטער מיט אַ סטיק פון דיר
און איבער הונדערט יאָר, אַז ס׳גייט אַזוי ברוך-השם
און ס׳האָט דעם נישט געשאַדט! און ס׳האָט זיך נישט געשעמט!
און ביסטו אויך נישט קראַנק צו גיין, ווי ביסט געגאַנגען פריער!
אַן אָפּטריט אונטער אַנשלס פענסטער — הא? געהערט?
— איכל זיך לאָזן קאָסטן ת׳קערס, יעקב-הערש!

ער האָט אַ צי געטאָן די גאַטקעס און די באָרד פאַרנומען:
— און ווי אַ דיעלאָ פירן דאַרף מען מיך נישט לערנען,—ווייס איך!
און אָט די דיעלאָ וועט ביי מיר דערגיין אין דומע
ביזן קייסער!
אַ מנין ייִדן האָט אַריינגעטראָגן אַנשלען אַ צעפּלאַמטן
און אים אַריינגעלייגט אין בעט.
— ר׳ אַנשל! — האָבן זיי צו אים געטענהט מיט געבעט:
איר זענט קיין עין-הרע דאָך אַ ייִד אַ למדן!
און נישט נאָר וואָס קאָסאַיעט זיך אַזאַ מין דיעלאָ, ווי דער בית-הכּסא,
איז נעמט זיך נישט צום האַרצן,
לאָזט עס אָפּ
אַ ווײַלע נאָר, אַ ביסל,
און באַטראַכט זיך
און לייגט די דיעלאָ איבער נאָך אַמאָל אין קאָפּ,
ווײַל אַלע ווייסן גוט, ווײַל אַלע ווייסן,
אַז פריער — גאָט
און נאָכדעם — איר

פון שטאָט
אַ גביר,
אַ ביסל דאָס
און יענץ — אַ ביסל,
אַ באַלעבאָס
אַ שטיקל טומל —
און מיט דער הילף פון בית־הכּסא
איז גיט מען דאָרט אַהין אַהער אַ דריי זיך,
אַז ייִדן זאָלן זיך אם־ירצה־השם דערשלאָגן צו דער דומע
און צום קייסער...

און איצט האָט אַנשל אַ באַוואָפנטער מיטן סוקעוואַטן זאַסטעפּ,
גערעדט צו זיך אַליין: — אַ שפּאַס מיט אַנשלען מ׳האָט געמאַכט, אַ שפּאַס!
אַז אָך־און וויי צו דיר איז, אַנשל דער זאַליאַזניק!
— אַז וואָס?
— אָט האָסטו פערציק יאָר געהאַט אַ מסחר פון זאַליאַז,
— אָט ביסטו פערציק יאָר געווען אַ באַלעבאָס,
— אָט האָסטו פערציק יאָר געקלונגען און געטראַסקעט,
און איצטער וועסטו גיין צו זיי זיך קויפן דיין אַ זאַסטעפּ!...

געוואָרפן האָבן זיי זיך נאָך, געקוועלט,
דער יחוס מיינער איז נישט אָפּגעשטאַנען;
דער שורש מיינער האָט זיי נישט געפּאַסט | דאָרט.
אַ דראַטווע האָט אין מיין משפּחה זיי פאַרפּעלט, —
און איצטער, אַנשל דער זאַליאַזניק, גיי און פרעג ביים זאַסטעפּ:
— מה נשתּנה?

## 13

ווען אַנשל האָט דערלאַנגט, מען זאָל פאַרשרייבן אים אויף ערד,
איז האָט מען אים געהייסן זאָגן וויפיל קינדער האָט ער,
און וויפיל יעדערער פון זיי איז אַלט,

מיט אַלע פּרטים,
וואָס צו יעדערן פון זיי געהערט;
— בקיצור, — האָט מען אים געזאָגט מיט פּראָסטע רייד, —
פון וויפיל עסערס סע באַשטייט
אייער געזינד:
— פון וויפיל טעכטער און פון וויפל זין?
האָט אַנשל זיך באַטראַכט,
האָט אַנשל זיי דערקלערט
מיט אַלע פּרטים:
— אַ פּאָטער בין איך נאָך דערווייל, אַ פּאָטער,
און קינדער האַלט מען נישט ביי זיך מיט געוואַלט —
און אָנגעגאָסן האָבן זיך די אויגן אים מיט יאָדע —
נאָר זאָל זיי אָט די זאַך נישט אַרן,
ווייל קינדער זענען דווקא יאָ דאָ,
ווייל ס'איז פאַראַן אַן איידעם אין דער קראַסנער אַרמיע,
אַן איידעם מיט אַ קוביק, וואָס ער שטייט אין אַלע בלעטער,
און ס'איז אַ זון פאַראַן אין צעראַבקאָפּ
פאַר אַ בוכהאַלטער,
וואָס האַלט דאָרט אָפּ
די גאַנצע טעג און נעכט
די אמתע געוועטן —
איז האָט מען אַנשלען אויסגעהערט
און אים געהייסן קומען שפּעטער,
זיך פאַרשרייבן אויף דער ערד.
איז ער געקומען שפּעטער מאָנען רעכט,
און ס'האָט אים אַלעמאָל אין קאָפּ געטאָן אַ שניט:
— אַז אַנשלען וויל מען נישט פאַרשרייבן אויף דער ערד,
איז וועמען — יאָ, אויב אַנשלען — ניט?
געערגערט האָט ער זיך און נישט געשאַנעוועט ס'געזונט
און האָט אין האַרצן זיך געקלאַפּט:
— אַ זון אַ בוכהאַלטער אין אַ צעראַבקאָפּ,
וואָס איז עס ביי סאָוועטסקע וולאַסט — אַ הונט?

— אַן איידעם אין דער קראַסנער אַרמיע — גייט ביי דער סאָוועטסקע וולאסט צופוס?

און קוביקעס פּריוויעסיעט די סאָוועסטקע וולאסט אומזיסט?
און ס'האָט געקריצט זיין קול:
איז וויל איך וויסן — ווי איז דער זאַקאָן?
און אַלעמאָל האָט ער געטאָן אַ שניט:
— איז ווענמען — יאָ, אויב אַנשלען — נישט?

אַן אוראַלטער איז ער, דער אומעט, אויפן סטעפּ,
ווי מוטנער ווייַן איז אויפן סטעפּ דער אומעט;
ער גיט אַ טשמעל אַזאַ איבער די קעפּ
און לייגט צופוסגס זיך אַליין — אַ שטומער...

עס טרינקט אים ליגנדיק דער טויבער סטעפּ
פון איבערקערטן הימל, פון אַרומען;
אַ יעדע פור פאַרציט ער און פאַרוועבט
אַ יעדעס שטיבל טראָגט ער ווי אַ קלומעק.

האָט זלאַטע ב'דאָרף קיין פעדערן שוין נישט געפליקט,
דער זאַק געשטאַנען איז אין קיך, אין סאַמע פאָרנט,
און אַנשל האָט געטייטלט מיט דער האַנט: — אַ גליק!
כ'האָב נויטיק עס באַדאַרפט, דאָס גאַנצע פאָרן...

און זלאַטע האָט געמאָלקן צוויי בהמות,
עס האָבן איר די הענט פון מעלקעניש געגאָיעט,
אַז גאַנצע טעג דאָרט זלאַטע אין דער היים איז
און מעלקט פון דער כודאָבע אויס די קישקעס מיט דער הויט.

און אַנשל גייט נאָר צו, — אַ שמעק, אַ גלי —
און ס'געבן אַ צעקלונג זיך זיינע ביינער:
— זאָג מיר, זלאַטע—מעלקסט אַ קו, צי בענטשסט דאָרט ליכט?
— דו דוכנסט דאָרט, זלאַטע, צי דו מעלקסט אַ בהמה?

און נאָכן צווייטן אָסיען האָט זיך אַנשל געלייגט צו בעט,
דעם גאַנצן הימל ט'ער אויף זיך אַרויפגעוואַלגערט;
פון קיך ט'אויף אים געקוקט דער זאַק, דער טאַבורעט,
און ער צום זאַק געקוקט האָט פונם אַלקער.

מ'האָט אים געזאָגט, אַז אין די נירן האָט ער זאַמד,
און ער האָט זיך געבייזערט: — גייט שוין גייט, — ס'איז בלאָטע!
ער וואָלט זיי אַלעמען די מיילער אויסגעסמט,
ער ווייסט אַליין שוין בעסער, וואָס ער האָט דאָרט...

דער פרילינג איז אַוועק, און ס'איז אַוועק דער זומער,
דער טאָג האָט אויפן סטעפּ זיך אויפגעהויבן שפּעט;
און אַז דער דאָקטאָר איז געקומען,
האָט אַנשל ווידער זיך געלייגט צו בעט.

דער דאָקטאָר ט'אים אַרומגעקלאַפּט, ווי אין אַ פאַס די רייפן,
דעם צונג געהייסן ווייזן זיך ווי דאָס געהערט;
נאָר אַנשל האָט זיך דאָרט געקווענקלט און געוועדט:
— די זאַך איז נישט אין צונג, זאָג איך אייך, פּאַניע רופא!

דאָך אַ שטיק זשאַווער פונם מויל איז אויף אַ האַלבער שטוב
האָט ער אַרויסגעשטעקט, און איינגעלייגט זיין קרעכצן האָט דעם דאַך:
— סע האָט מיר דאָ דער וואָזדוך,, פּאַניע רופא, נישט פּאָליוביעט,
— סע האָט מיר נישט פּאָליוביעט פּאַניע רופא, דאָ די זאַך!

— סע נישט פאַר מיר... ס'אָזאַ מין... אַרבעט...
— איך קאָן שוין מיט קיין אַבר זיך נישט טאָן קיין ריר...
מען וואָלט מיך מיט אַ יידיש האַרץ באַדאַרפט באַטראַכטן...
און מיר אַרויסגעבן אַזאַ פּאַפּיר...

דער דאָקטאָר איז אַוועק, ער האָט געהייסן שטעלן באַנקעס,
ב'אַז זלאַטע איז אים נאָכגעלאָפן און געוועַנדט זיך:

— כ׳האָב אייך פֿאַרגעטן פֿרעגן: — ווו זאָל מען זיי שטעלן, אָט די באַנקעס,
האָט איר דער דאָקטאָר אויסגעצהט: — שטעלט זיי אויפֿן פֿענסטער!

דעם צונג האָט אַנשל צוריק אין מויל שוין נישט אַריינגענומען,
די אויגן ט׳ער פֿאַרגלאָצט. אינגאַנצן שוין פֿאַרשטאַרט;
און ס׳איז אין שטוב געוואָרן אַ מהומה:
— אַנשל שטאַרבט!

פֿון זאַק מיט פֿעדערן אַרויסגעשלעפּט מ׳האָט איינעם
און צוגעלייגט מע האָט אים אַנשלען צו דער נאָז;
און זלאַטע האָט זיך שטיל פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט ביי שכנים:
— וואָס זאָגט איר, ייזן, — וואָס?...

און אַנשל האָט מיט ביידע נאָזלעכער געטאָן אַ בלאָז,
נ׳אויף ביידע פּיס מיט אַ געשריי ז׳ער אויפֿגעשטאַנען:
— וואָס שטופּט מען פֿעדערן מיר אין דער נאָז?
פֿאַרנעמט זיך! אַלע! וואָגט פֿונדאַנען:
און ס׳איז פֿון אים נישט אָפּגעגאַן דער פֿאַרדראָס:
— וואָס לייגט מען פֿעדערן גאָר פֿלוצים צו דער נאָז?
אַ ייד אַ באַלעבאָס,
וואָס שיידט זיך מיט דער וועלט, ווען ס׳קומט די עכטע צייט,
באַדאַרפֿט מען צולייגן אַן אשה צו דער זייט,
אַ שקאַליק זעקס און ניינציק צו דער צווייטער,
און אויב ער גיט זיך נישט אַ דריי דאָרט,
און אויב סע גיט דאָרט נישט קיין בראָט אים,
איז — אויס! איז — פּטור!

14

און אַנשל האָט זיך אָנגעטאָן אַ ברייטן קאַפּעליוש פֿון שטרוי,
זיך אָנגעגאַרטלט מיט אַ רויטן קוטעס,

אַרויסגעמאָרדעוועט פון קיך דאָס ביסל דרויב
און צוגעבורטשעט: — טאַק! אַזוי-אָ גוט איז!

זיין פנים איז געווען פאַרברוינט פון ווינט
און אויסגעזען האָט ער אין שטרויענעם צילינדער ווי דאָס פערד,
וואָס מ׳האָט אים צום לעצטן מאָל אין וואָגן איינגעשפּאַנט, —
דאָס זעקל פעדערן געשווינד
פון דאָרט זיך אַרויסגעקערט
און זיך צום סטעפּ געקערט?
מיט אויסגעשטרעקטער האַנט:
ס׳געפעלט דיר, ווייזט אויס, סטעפּ, אַ רויטער קוטעס מערער פון אַ גאַרטל,
אַ קאַפּעליוש פון שטרוי געפעלט דיר בעסער פון אַ סויבעלענער הוט?
איז גוט:

איז קוק אויף אַנשל דעם זאַליאַזניק — דעם געגאַרטן —
און גיב אַ קוק אויף אים צום לעצטן מאָל:
— געווען אַמאָל אַ וועלט... געווען—אַמאָל...
אָט ליגט זי אָט—צעבראָכן און צעמאָלט
איז קוויק זיך מיט זיין נייער שיינער היים,
און מיטן בראָך מיט זיינעם האַלט זיך.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

וואָס זעט זיך אָן ג׳אַ וואַלד פאַרפלאַנצן נאָך אַ בוים,
צי אויסהאַקן אַ בוים און אויסוואָרצלען אינגאַנצן?...

